# דער אַכט שעה׳דיגער

# אַרבייטס־טאָג

אין בעציהונג פון דער געזונדהייט

נאָך ד״ר צאַדעק

איבערזעצט פ. ק.

פערלאַג „יַבְנֶה״.

פרייז 8 קאפ.

1907 ווארשא

**ВОСЬМИ ЧАСОВЫЙ РАБОЧІЙ ДЕНЬ**

Д-ра Цадека

ВАРШАВА 1907.

Тип. Н. Старовольскаго, Гусья № 18.



## I.

דער גריכישער פילאזאף אריסטאטעלעס האט אמאל געשריבען די פאלגענדע ווערטער: „ווען א געצייג וואלט אויף דעם בעפעהל פון מייסטער אליין געטהון אנ'ארבייט, ווען די וועבער־שיפעל וואלט אליין געקענט וועבען, וואלט דער מייסטער נישט בעדארפט האבען קיין געזעלען און דער העד — קיין קנעכט".

היינט, אז עס איז שוין אריבער צוויי טויזענד יאהר, איז די השערה פון דעם גרויסען דענקער מקוים געווארען: די וועבער־שיפלעך וועבען אליין אהן הענד, די געצייגען טהון אליין אב די ארבייט, ס'איז גענוג איין דריק מיט א פינגער, אדער א ריהר מיט'ן האנד, הויבען זיך באלד אן צו דרעהען אלע רעדער אין פאבריק און הונדערטע אונגעהויערע מאשינען קומען אין בעוועגונג. ס'איז דאך צו בעוואונדערן ווי אזוי דער מענש האט געקענט איינשפאנען די נאטור קרעפטען זיי זאלען איהם בעדינען: ער פאהרט וואוהין ער וויל מיט דער הילף פון פארע, ער מאהלט מיט דער הילף פון דער זון, רעדט און שרייבט מיט דער הילף פון בליץ, און נאך אלעמען איז נאך נישט אנגעקומען די גאלדענע צייט, אריסטאטעלעס האפנונג איז נאך נישט ערפילט געווארען, עס עקזיסטירען נאך ביז היינט: „הערען און שקלאפען".

מען קען אויך זאָגען, דאָס אין אַ געוויסען הינזיכט האָט זיך די שקלאַפערישע אַרבייט נאָך מעהר פערגרעסערט. פאַרצייטען האָט דער הער געמוזט בעצאָהלען געלד פאַר איין שקלאַף אַזוי ווי פאַר אַ פערד, און דעריבער האָט ער זיך אינטערעסירט צו היטען דאָס לעבען און געזונד פון זיין געקויפטען שקלאַף; דער היינטיגער פרייער אַרבייטער, חאָטש מען קען איהם נישט צווינגען צו דער אַרבייט, אַז ער האָט אָבער דאָך נישט קיין מיטלען צום לעבען, מוז ער פערקויפען זיין אַרבייטס קראַפט אַבי נישט צושטאַרבען פון הונגער און נויטה. אַזאַ אַנ'אַרבייטער קען מען עקספלאָאַטירען אָהן אַ גרענעץ, מען נוצט איהם אויס ביז ער בלייבט אָהן קרעפטען, נאָכדעם קריגט מען לייכט, אָהן קאָסטען, אַנ'אַנדערען אויף זיין אָרט מיט פרישע כּחות.

די מאַשינע, וועלכע שפּאָרט איין די אַרבייט אין די פיעלע מאַסען, וועלכע גיט אַרויס אין אַ העלפט אָדער אין אַ צעהנטען טהייל צייט—און זאָגאַר הונדערט מאָל אַזוי פיעל פּראָדוקט וויפיעל ס'האָבען פאַרצייטען אַרויסגעגעבען די האַנד־אַרבייט — האָט נישט נאָר פערקירצט די אַרבייטס־צייט פון פיעלע מענשען אַרבייטער, נאָר גראָד אומגעקעהרט ס'האָט נאָך מעהר פערלענגערט און פערלענגערט גאָר אָהן אַ שיעור. איבערהויפּט איז די זאַך געוואָרען מעהר בולט אין די ערשטע יאָהרען פון דעם נייַנצעהנטען יאָהר הונדערט, פון דער צייט, וואָס די מאַשינע האָט אָנגעהויבען מנצח זיין.

אין ענגלאַנד, וואָס זי איז געווען די ערשטע, וועלכע האָט אַרויסגעבראַכט די נייע גרויסע אינדוסטריע אין אָנפאַנג פון פאָריגען יאָהר הונדערט, איז

דאָרט געווען די אַרבייטס-צייט אין אַלע פֿאַבריקען: 16-14 און זאָגאַר 18 שעה אין טאָג. אין פֿיעלע פֿאַבריקען האָט מען געהאָרעוועט גאָר אָהן איין אויפֿהער, מען האָט איינגעפֿיהרט דאָרטען טאָג-אַרביי-טער מיט נאַכט אַרבייטער און נישט זעלטען האָט גע-מוזט איין אַרבייטער בעדינען דער מאַשינע 30 און 40 שעה כסדר. מען האָט צוגענומען זאָגאַר קלייניע קינדער זיי זאָלען שטעהן און היטען די מאַשינע זי זאָל זיך נישט אָבשטעלען. מיט אַזאַ אופֿן האָבען פֿרויען און קינדער זעהר שטאַרק אָנגעהויבען אַרויס-צושטויסען דערוואַקסענע מענער פֿון פֿאַבריקס אַרבייט, אַזוי ווייט, דאָס אין יאָהר 1839 איז געווען די צאָהל פֿאַבריטשנע אַרבייטער אין ענגלאַנד 419500, צווישען זיי זענען געווען מענער עלטער פֿון 18 יאָהר נישט מעהר ווי: 96569, דאַגעגען איינגערע פֿון 18 יאָהר זענען געווען זכרים: 192887 און פֿרויען: 242296.

די דאָזיגע אונמענשליכע עקספּלאָאַטאַציע פֿון אַרבייטער קראַפֿט, אויך די אוננאָרמאַלישע פֿאַמיליענ-לעבען צוליעב דאָס פֿאַרנעהמען פֿרויען און קינדער צו דער אַרבייט, האָט געבראַכט אין אַ קורצער צייט צו שרעקליכע פֿערברעכערײַ: שכרות, קראַנקהייטען אויך טוידט צופֿעלע. אין די דרייסיגער יאָהרען פֿון פֿאָריגען יאָהר הונדערט זענען, אין ענגלאַנד, אין די פֿאַבריטשנע געגענדען, אויסגעשטאָרבען אַזוי פֿיעל יונגע מענשען, נישט דערגעהענדיג ביז 20 יאָהר ווי-פֿיעל אין אַנדערע ערטער פֿון פֿערציג יאָהריגע מענ-שען. אין ליווערפּאָל איז געווען דורכשניטליך די לעבענסצייט פֿון די אַרבייטער נישט מעהר ווי 15 יאָהר. נאָר דענסטמאָל האָט זיך אָנגעהויבען צווישען די אַר-בייטער איין אָפּאָזיציאָנע בעוועגונג, די פֿאַרואָגעלטע

נפשות האָבען זיך געבונטעוועט, די אַרבייטער האָבען זיך אָרגאַניזירט אין פאַך פעראײנען און זענען אַרויס־געטרעטען געגען די גרויסע קאַפּיטאַליסטען צום קאַמפף, וועלכער האָט זיך ביי היינטיגער צייט שוין פאַרברייטערט אין אַלע אינדוסטריע־לענדער. דער רעזולטאַט פון דעם קאַמפף איז געווען, דאָס מען האָט געמוזט פערקירצען די אַרבייטס צייט און בעשטימען אומעטום די שטונדען פון טאָג אַרבייט, מאַרקס רעכענט די בעשטימונג פון אַ צעהען שטונדיגען טאָג אַרבייט אַלס די אויפלעבונג פון דער ענגלישער אַרבייטער־קלאַס.

---

# II.

— ווי פיעל צייט האָט די נאַטור בעשטימט צו אַרבייטען?
וואָס איז דער הילוק צווישען אַ מענש און אַ מאַשינע?

דער „אײַזערנער אַרבייטער" דאַרף נישט קיין מנוחה, ער קען אַרבייטען אָהן אײַנ'אויפהער טאָג און נאַכט, סיי וואָכענדיגע סיי יום־טוב'דיגע טעג. מ'קען זאָגאַר זאָגען, דאָס לויט זיין נאַטור מוז ער אַרבייטען, ווי נאָר מעגליך, אָהן אַנ'אויפהער, ווייל אין אַ קורצע צייט וועלען זיין שטעל פערטרעטען נייע אויסגעבעסערטע אַרבייטער, דענסטמאָל פערלירט ער זיין ווערטה, מען לעגט איהם אָב אין אַ סקלאַד פון אַלטע אייזען. אָט צוליעב דעם טעם ווילט זיך דעם בעל־הבית פון דער מאַשינע, דאָס די הענד, וועלכע ערנעהרען די מאַשינע זאָלען אויך אַרבייטען אָהן אַנ'־אויפהער און דערפון אָבער קומט אַרויס די אַנטגעגען שטעלונג, וואָס פאָדערט אָבצוגרענצען די אַרבייטס צייט, איינצופיהרען רוהע טעג און פערבייטען די נאַכטיגע אַרבייט. פון דעם דאָזיגען שטאַנד־פונקט איז

דאָס אַ גרויסער פֿעהלער אין דער נאַטור פֿון מענשען, נאָר וואָס זאָל מען טהון, אַז די פֿיזיאָלאָגישע געזעצע ערלויבען נישט דעם לעבעדיגען אַרבײטער ער זאָל אַרבײטען אָהן אנ׳אויפֿהער גלײך מיט׳ן אײזערנעם אַרבײטער, וואָס האָט זיך זײנע פֿיזישע געזעצע?

די מײנונג, דאָס דער מענש איז געגליכען צו אַ מאַשינע האָבען שוין ערקלערט די פֿילאָזאָפֿען אין דעם 18־טען יאָהר הונדערט און די נאַטור פֿאָרשער פֿון 19 יאָהר הונדערט האָבען די דאָזיגע ווערטער בעשטעטיגט. גלײך ווי די מאַשינע—זאָגען זײ—נעהמט אײן דער מענש אין זיך קויהלען—אין פֿאָרם פֿון אָרגאַנישע שטאָף, ד״ה: נאָהרונגסמיטלען פֿון צמחים און בעלי חיים. דורך די זויערשטאָף, וואָס די לונגען גיבען אַרויס ווערען די קויהלען אין די לײב געוועבעכטס פֿערברענט אַזוי ווי אין אַנ׳אויבען, און ס׳ווערט פֿון די קויהלען אַ זויערער גאַז, וועלכער געהט אַרויס דורך די זעלבע לונגען אַזוי ווי פֿון אַקוימען. די אוננוציגע פסולת און די פֿערברענטע פּראָדוקטען—שטאָף וועקסעל— געהן אַרויס דורך דער קישקע און די נירען אין פֿאָרם פֿון קאָל (צואָה) און אורין, פּונקט ווי אין אַנ׳אויבען אָרער אַ לאָקאָמאָטיף אד״ג, אַזוי ווערט אויך אין אַ מענשליכען קערפּער בעשאַפֿען אַ וואַרימקײט דורך די פֿערברענונג פֿון קויהלען און זויערשטאָף.

די וואַרימקײט פֿון אונזער קערפּער דערגרײכט ביז 37—360 גראַד צעלזוס.

דער חילוק צווישען דער לעבעדיגער מאַשינע (אַ מענש) און דער אײזערנער, בעשטעהט אין דעם: די מאַטעריאַלען, פֿון וועלכע די לעבעדיגע מאַשינע איז געבויט, די אַפּאַראַטען וואו ס׳קומט פאָר די פֿערברענונג זענען אונטערגעוואָרפֿען אונטער אַ שטענדיגער

וועקסלונג אין זייער צוזאַמענלייגונג. ווען מיר וועלען דורכפיהרען איין עלעקטרישען שטראָם דורך די פרע־פאַרירטע מוסקעלן פון אַ זשאַבע, וועלען די מוסקע־לען זיך שטאַרק בעוועגען (קאָרטשען) און דערביי טהון, וועלכע ס'איז איין אַרבייט; למשל: ס'וועט אויפ־הויבען אַ קליינע געוויכט (וועלכע איז צוגעבונדען צו די אָדערען) אויף אַ געוויסע הויכקייט, ווען מ'ווידער־האָלט די זעלבע זאַך צוויי דריי מאָל אז"וו, יעדעס מאָל דורכלאָזענדיג דעם עלעקטרישען שטראָם, דער־קענט מען באַלד ווי די בעוועגונג ווערט אַלץ שוואַ־כער, ס'הויבט זיך אַלץ וועניגער אין דער הויך ביז די קליינע משא הערט זיך אויף אין גאַנצען צו הויבען. די מוסקעלן זענען געוואָרען אָבגעשלאָפט צוליעב די פיעלע בעוועגונג, ס'איז אין זיי אַריין געקומען אַ כעמישע פערענדערונג, וועלכע מאַכט זיי, קודם כל אונפעהיג צו אַרבייטען ווייטער, ס'האָט זיך אין זיי צונויפגעקליבען וועקסעל שטאָף (ד"ה אין דער כעמיע: „מילך זייערע") און דאָס מוז מען צו ערשט אָבשאַפען (צב"ש: מען קען דאָס דערווייטערען דורך אויסשווענקען מיט אַ שוואַכע אויפלעזונג פון קיך זאַלץ) כדי די מוסקעלען זאָלען קענען זיין פעהיג צו אַ נייער בעוועגונג.

דאָס זעלבע וואָס ס'קומט פאָר אין דער פראָבע מיט די פראָפערירטע מוסקעלן פון דער זשאַבע קומט אויך פאָר ביי דער מענשליכער אַרבייט אין די לעבע־דיגע מוסקעלן, אויך אין זיי קומען אַריין פראָדוק־טען, דורך וועלכע זיי ווערען ערמידעט, און די דאָזיגע פראָדוקטען ווערען אָבגעפיהרט דורך די בלוט, וואָס פליסט אינעווייניג און דורך די לימפען ביז די מוס־קעלען ווערען ווידער פעהיג צו אַרבייטען און דאָס

ווערט געמאַכט אין דער צייט ווען די מוסקעלען רוהען
פון דער אַרבייט, בעזונדערס אין דער צייט פון שלאָף.
ווען אין אונזער אָרגאַניזם קלייבען זיך אָן פיעל ברען־
מאַטעריאַל דענסטמאָל פיהלט מען זיך זעהר ערמידעט
און מען מוז זיך לייגען שלאָפען. אז מען שפריצט
אַריין די בלוט פון א הונט, וואָס ער איז אָבגעשלאַפט
פון אַ שווערע אַרבייט אין אַן אַנדער פרישען און גע־
זונטען הונט ווערט דער לעצטער באַלד איינגעשלאָפען.
דערפון איז געדרונגען, דאָס די בעוועגונג פון די
מוסקעלען איז דער בעסטער מיטעל צום איינשלאָ־
פען, און טאַקי דעריבער ראַטהען די דאָקטוירים
אַלעמען, וואָס זיצען און אַרבייטען מיט'ן מוח אָדער,
וועלכע ליידען אויף שלאָף־לאָזיגקייט צוליעב אַנדערע
סבות, זיי זאָלען מאַכען בעוועגונג מיט די מוסקעלן.
ס'איז אָבער אַ גרויסער אונטערשיעד צו די ערמידונג
קומט פון נאָרמאַל אַרבייטען אָדער מען פיהלט זיך
זעהר אָבגעשלאַפט פון צופיעל אַרבייטען. אמת טאַקי,
אַ מענש קען מיט זיין איינענעם ווילען אָנשטרענגען
זיין ענערגיע, נישט קוקענדיג וואָס ער איז אָבגע־
מאַטערט קען ער איבער זיך געוועלטיגען און אַרויס־
געבען נאָך א היבשע ביסעל אַרבייט, אָבער נאָכדעם
ווירקט עס זעהר שלעכט אויפן גאַנצען אָרגאַניזם,
ער בעקומט קאָפּ־שמערצען, די אברים ציטערען
ביי איהם שטענדיג. דעם זכרון יוערט אָבגעשוואַכט,
ער קען נישט איינשלאָפען, בקצור ווען איין אַרבייטער
טהוט ווייטער זיין מלאָכה בשעת ער איז ערמידעט,
איז נישט נאָר זיין אַרבייטס־פּראָדוקט געהט אַרויס
וועניגער, נאָר ער מאַכט אויך קאַליע זיינע מוסקעלען
און נערוועז און סוף כל סוף ווערט ער אין גאַנצען
אונפעהיג צו אַן'אַרבייט.

## III.

## דער שלאָף.

בשעת דער מענש שטעהט אויף פון אַ גענוג לאַנגען און טיעפען שלאָף פיהלט ער זיך פריש און ענערגיש סיי אין קערפער, סיי אין גייסט און איז פעהיג צו אַ נייער אנשטרענגונג, גאַנץ אַנדערש איז אָבער דאַן, ווען ער האָט אַ שלעכטען שלאָף, צום בייישפיעל ווען ער שלאָפט צו וועניג אָדער ער האָט איין אונרוהיגען שלאָף, ווי באַלד נאָר זיין מוח רוהט נישט אין דער צייט פון שלאָף, מחמת דעם וואָס ס'איז צו ליכטיג, אָדער ס'איז אַ גערויש אין צימער, אָדער אַ שלעכטע לופט און דאָס גלייכען, דענסטמאָל ווערען די פראָ־דוקטען פון ערמידונג נישט אין גאַנצען דערווייטערט און ווען ער נעמט זיך ווידער צו זיין טעגליכער אַרבייט טהוט ער דאָס געוועהנליך אָהן חשק ווייל דער קאָפּף איז איהם שווער, די מוסקעלען אָבגעשוואַכט, נאָר ביי אַלעם דעם קען ער נאָך דעם שאָדען פעריכטען ווען ער זאָל זיך גוט אויסגעשלאָפען אין דער צווייטער נאַכט, אָדער זיך דורכגעהן שפּאַצירען אויף פרייער לופט, מאַכען גימנאַסטיקע, ספּאָרט וכדומה. שלעכט איז אָבער, אַז מען איז געצוואונגען צו זינדיגען געגען די נאַטור. געזעצען, אַזוי ווי עס טרעפט ביי די וואָס אַרבייטען שטענדיג איבער דער מאָס, דענסטמאָלסט וואַקסט דער היזק וואָס ווייטער מעהר, די מוסקעלען און נערווען ווערען זעהר שטאַרק אָנגעשטרענגט, ס'הויבט זיך אָן צו בעווייזען בלויז אָרעמקייט, שטענ־דיגע ערמידונג, אונפעהיגקייט צו יעדער בעשעפטי־גונג. בעזונדער טרעפט דאָס ביי די גרופען אַרבייטער וואָס אַרבייטען דעם גאַנצען טאָג אָהן איינאויפהער ווי

צום בײַשפּיעל די הײַזליכע אַרבײַט, בעקרײַען און דאָס גלײַכען, איבערהויפּט ווירקט שלעכט אַ קנאַפּער שלאָף פאַר קינדער און יונגע אַרבײַטער; ווײַל זײַ דאַרפען פיעל מעהר צײַט צום שלאָפען ווי דערוואַקסענע מענשען. בכן שטעלט זיך אונז פאָר די פראַגע: ווי לאַנג, און פון וואָס איז אָבהענגיג דאָס בעדערפעניש פון שלאָף?

קודם כל איז אָבהענגיג דאָס בעדערפעניש אין שלאָף פון דעם צײַט אַלטער פון מענשען. אַנײַ געבאָרענעם קינד שלאָפט כמעט אָהן אײַנאויפהער, ס'חאַפּט זיך נאָר אויף אין דער צײַט ווען ס'וויל זיגען, יעדעס קינד אין זײַנע ערשטע יאָהרען ברויך זעהר פיעל שלאָפען, געגען דעם אָבער זינדיגען זעהר אָפּט די אַרבײַטס לײַט. די קינדער וועלכע געהן אין שוהלען בעדאַרפען שלאָפען פון 10—12 שעה, כדי זײַער מוח זאָל אויסרוהען פון שווערען אַנשטרענגונג צום גרויסען בעדויערען איז אָבער די אָרעמע קלאַסע געצוואונגען אויף צו וועקען די לערען קינדער פאַרטאָג און פערכטען דורך זײַ פערשיעדענע שליחות ווי למשל: פונאַנדער טראָגען צײַטונגען אָדער געבעקס און אָבהאַלטען זײַ ביז שפּעט אין דער נאַכט כדי זײַ זאָלען עפּעס פאַ־דינען. אַם מײַנסטען לײַדען די יונגע מײַדלעך, דערמיט, וואָס אויסער דעם וואָס מען שיקט זײַ אויף טעגליכע אַרבײַט מוזען זײַ אין דער צײַט פון זײַער רוהע טהון הויזליכע אַרבײַט, דאָס ווירקט זעהר שלעכט אויף זײַער קערפּערליכע ענטוויקלונג. זײַ ווערען נערוועז, בלוט אָרעם. דעריבער איז זעהר פיעל פאַרברײַטערט די בלאַסקײַט בײַ די כאַרטען יונגע מײַדלעך. געגען דער דאָזיגער קראַנקײַט וויסען נישט די דאָקטוירים קײַן בעסערען מיטעל...

צו הייסען ליגען אין בעט עטליכע וואָכען זיך גוט אויסרוהען, כדי צוריק אומקעהרען די קרעפטען וואָס זענען פארנאַכלעסיגט געוואָרען אין פערלויף פון וואָכען און מאָנאַטען. צום אונגליק קענען אָבער די אָרעמע לייט מיט דער דאָזיגער גוטע עצה נישט בענוצען זיך...

חוץ די אויבענדערמאָהנטע בעדינגונגען איז די בעדערפעניש פון שלאָף אויך אָבהענגיג פון מענשליכען קערפער געביידע, לויט די ענטוויקלונג פון זיין קערפער און לויט זיין גייסטיגע איינגענשאַפט. שוואַכע אָדער נערוועזע מענשען דאַרפען בכלל שלאָפען לענגער ווי די מענשען פון שטאַרקער נאַטור אָדער פלעגמאַטיקער.

ענדליך איז פיעל אָבהענגיג די בעדערפעניש פון שלאָפען פון דעם מין בעשעפטיגונג און פון דער צייט פון דער בעשעפטיגונג. וואָס מעהר מען שטרענגט אָן דעם קערפער, און בפרט די נערוועז אין דער טעגליכער אַרבייט, דאַרף מען אַלץ מעהר צייט האָבען צום שלאָפען, דעריבער ברויך אַגרויסשטאָדיגער איינוואָהנער, וואָס זיינע נערוועז זענען כמעט דעם גאַנצען טאָג אויפגערייצט פון גאַסען טומעל, און פון שלעכטער לופט, און פון היציגען לעבען, פיעל מעהר צייט צו שלאָפען ווי דער קליין שטעדטעלדיגער איינוואָהנער, אָדער דער דאָרפס מאַן, דעריבער דאַרפען אויך די גרויסשטעדטיגע אַרבייטער בכלל, לענגערע צייט שלאָפען ווי די הויז ווירטשאַפטליכע אַרבייטער אין די דערפער אָדער אין קליינע שטעדטלעך.

# IV.

## די נאַכט אַרבייט.

בעזונדער געהט׳ס שלעכט די דאָזיגע אַרבייטער וועלכע פערבייטען די נאַכט אויף׳ן טאָג, וועלכע מוזען אַרבייטען גאַנצע נעכט. זיי פעהלט אויס די ליכט פון דער זוהן — אָהן וועלכער ס׳קענען נישט עקזיס־טירען נישט קיין געוויקסע, נישט קיין חיות און נישט קיין מענש — און זיי שלאָפען זיך קיינמאָל נישט גוט אויס.

די היגיענישע געזעלשאַפט זאָגט איהר מיינונג אַזוי! ס׳איז אַ פאַלשער רעכענונג פון די וואָס מיינען אַז ס׳איז אַלץ איינס צו מען אַרבייט ביי טאָג און שלאָפט ביי נאַכט אָדער אומגעקעהרט, אין אמת׳ן איזט עס אַ גרויסער חילוק; ווייל דעם ביי־טאָגיקען שלאָף שטערט זעהר פיעל די ליכטיגקייט און דער טומעל, בפרט נאָך זומער צייט, מחמת די הויכע טעמפעראַטור, קען דער שלאָף בשום אופן נישט זיין אַזוי פעסט ווי דער ביינאַכטיגען שלאָף. דעריבער פאָדערט די היגיענישע געזעלשאַפט אַז די רעגירונג זאָל פערבאָטען די שטענדיגע נאַכט־אַרבייט, דאָס הייסט: מען זאָל נישט אַרבייטען גאַנצע נעכט.

ליידער נאָך ביי היינטיגען טאָג עקזיסטירט אַנ׳אונגעצעהלטע מאַסע אַרבייטער און אַרבייטאָרינען וועלכע זענען אין מינדעסטען נישט אי׳ם שטאַנד צו־פרידען שטעלען די נויטווענדיגקייט פון זייער קערפער־ליכער געזונדהייט. דער סוף איז אָבער פון די דאָ־זיגע מענשען, דאָס אין אַ קורצע־צייט בעקומען זיי אַ מרה־שחורה ס׳ווערט ביי זיי אָבגעשלאָפט אי דער קערפער אי דער גייסט און זיי קענען צו זיך נישט

קומען. קודם כל לײַדען פֿון דעם די בעקער געזעלען בײַ וועלכע נאָך דאָ נישט לאַנג האָט אויסגעטראָגען זײַער אַרבײַט־טאָג פֿון 16—18 שעה און נאָך מעהר. קינדער, 14—16 יאָהריגע, האָבען נאָך אָפֿטער גע־מוזט אַרבײַטען לענגער ווי דערוואַקסענע, מען האָט זײַ געצוואונגען צו אַרבײַטען די גאַנצע נאַכט און דעם גרעסטען טהײל פֿון טאָג, מ׳האָט זײַ זאָגאַר נישט גע־לאָזט שלאָפֿען גאַנצע 6 שעה. אין מיטען געשמאַקען שלאָף האָט מען זײַ אויפֿגעוועקט און בעפֿעהלען, אָפֿט מאָל מיט עטליכע קלעפּ דערצו, זײַ זאָלען זײַן וואַכענד. אויף אַזאַ אײן אַרט האָט מען זיך בעגאַנ־גען גאַנצע וואָכען און חדשים. 46 פּראָצענט פֿון אַלע בעקערײַען האָבען נישט געהאַט אין אַ משך פֿון אַ גאַנצען יאָהר אַפילו אײן אײנציגען רוהע טאָג פֿון 24 שטונדען. ס׳איז דאַרום נישט קײן וואונדער וואָס די מײַסטען בעקער געזעלען זעהען אַזוי שלעכט אויס, זײַ האָבען קײנע קרעפֿטען, ווײַל זײַ שלאָפֿען זיך קײנ־מאָל נישט אויס. די יונגע פֿאַרמרה־שחורה׳דיגע גע־זעלען, פֿאַרבּרענגענדיג דעם גאַנצען יאָהר אין אַזעל־כע שלעכטע לעבענס־בעדינגונגען געפֿינען אַ פֿער־גניגען אין אַלקאָהאָל טרינקען און אַנדערע שענדלי־כע פֿערוויילונג וועלכע עס פֿערדאַרבט זײַ אי פֿיזיש אי מאָראַליש. מכּח זײַער פֿיזישע שוואַכקײט בעווײַזט אונז דער פֿאָלגענדער פֿאַקט ווי ווײַט נידעריג זײַ שטעהן. אין יאָהר 1892 האָט די רעגירונגס־קאָמיסיע אויפֿגענומען אײן אַנקעטע, בײַ׳ם צונויפֿקלויבען די רעקרוטען האָט זיך דאַמאָלס אויסגעוויזען, דאָס די בעקער יונגען זענען געווען, אונטער אַלע פֿאַך אַרבײַ־טער, די שוואַכסטע, אויך וואָס אַנבעטרעפֿט אָן דער גײַסטיגער ענטוויקלונג שטעהן די יונגע בעקער פֿיעל

נידעריגער פון אנדערע סאָרטען אַרבייטער.

אויך אין דעם מילנער פאַך מאַכט אויס 14—16—18 שעה אַרבייט אין טאָג און נאָך מעהר, בעזונדער, אין די קליינע מיהלען, בשעת ס'איז דאָ פיעל צו מאָהלען פערלענגערט זיך די אַרבייט־צייט; ביז 24—36 און 48 שעה כסדר, דער באַדישער פאַבריטשנער אינספעקטאָר האָט געשריבען אין יאָהר 1894 וועגען אַ מילנער־יונגעל וועלכער האָט געאַרבייט 3 וואָכען, חוץ זונטאָג, אָהן איין אויפהער. ביינאַכט פלעגט איהם דער גלאָק אויפוועקען אַלע שעה צום אָנפילען דעם טריכטער. דער רעוויזיאָנער בעאַמטער פון אָסט און וועסט פרייסען האָט אַמאָל געפרעגט: „וויפיעל צייט שלאָפען די מיהל אַרבייטער"? האָט איהם דערויף געענטפערט פון פיעלע ערטער: „דאָס אַ מילנער וואָס ברויך שלאָפען מעהר ווי 4 שעה טויג ער גאָר נישט צו דער אַרבייט". אָבער וואָס איז דער רעזולטאַט? זעהר זעלטען געפינען זיך אין די מיהלען אַרבייטער וואָס זאָלען אַלט זיין מעהר ווי פערציג יאָהר—שרייבט דער בעאַמטער פון פויזען — ווייל די כחות פון די דאָזיגע אַרבייטער, וועלכע האָבען געהאָרעוועט אין אַ משך פון פיעלע יאָהרען צו 16—18 שעה טעגליך מוזען אויסגעהן פאַר דער צייט.

אַזאַ מין אונמעסיגע לאַנגע צייט פון האָרעוואַניע וואָס די מענשען קענען זיך אפילו נישט רעכט אויסשלאָפען זעהט מען אויך אין צעגעלניעס, בראָווערייען, אין קוזניעס, אין קאָמוניקאַציאָן אָבטהיילונגען, איבערהויפט האָט מען נאָך ביז היינט נישט בעשטימט אַ קאָנטראָלע איבער די הויזליכע אַרבייט און אינדוסטריע, מען האָרעוועט דאָרט פון פריה מאָרגען ביז שפעט ביי נאַכט און אומעטום דער זעלביגער רעזול-

טאַט, אומעטום זעהט מען בלייכע געזיכטער, שוואַכע אָבגעמאַטערטע, די אויגען פאַרוואָלקענט, דער רוקען איינגעהויקערט, ווען ס'פאַלט נאָך זיי צו האָסטערע ס'איז אַ קראַנקייט, בפרט — סוכאָטע (שווינדזוכט) זענען זיי נישט אים שטאַנד איהר בעקעמפפען.

בעזונדער דאַרף מען מאַכען אויפמערקזאַם אויף דעם וואָס די דאָקטוירים האָבען שוין פיעל מאָל ערקלערט, דאָס אין די דאָזיגע פאַבריקען וואו מען אַרבייט פיעל צייט אין טאָג, ווי צום ביישפיעל: אין צעגעלניעס, בעקערייען וכדומה, דאָרטען פאַלען איין פיעלע אין עפידעמישע קראַנקהייטען (כאָלעריע און טיפוס). אַם שלימסטען זענען די בעדינגונגען פון אַרבייטער לעבען אין בעציהונג פון פערהיטען זייער געזונדהייט מיט דעם, וואָס זיי קענען זיך נישט פעראייניגען און אָרגאַניזירען זיך צוזאַמען בעראַטהען ווי אַזוי אויסצובעסערען זייער טרויעריגע לאַגע. דעריבער איז די פפליכט פון די געזעצגעבער, דאָס זיי זאָלען זאָרגען פאַר די אַרבייטער דאָס זיי, די אַרבייטער, זאָלען האָבען, לכל הפחות, דאָס רעכט צו שלאָפען וויפיעל זיי געברויכען.

---

# V

## דער אָפּרוה.

נאָכדעם ווי מיר האָבען שוין ערקלערט, דאָס אַנ'אַרבייטער, אום צו פערהיטען זיין געזונד, מוז האָבען איין בעשטימטע צייט צו שלאָפען, בלייבט נאָך די פראַגע: צו דען ברויך דער אַרבייטער בענוצען זיין לעבענס צייט נאָר אין אַרבייטען, עסען און שלאָפען? ניין! דער אַרבייטער וואָס ווייסט נישט מעהר

ווי האָרעווען און נאָכדעם שלאָפען, פערליערט זיינע גייסטיגע און מאָראַלישע פעהיגקייטען, ער לאָזט זיך אַריין אין שכרות און זנות און אין דעם געפינט ער זיין בעסטען פערגעניגען. מיט אַזאַ אַנ׳אופן פערלירט ער אויך זיינע פיזישע קרעפטען. בעזונדער איז דאָס אמת בנוגע צו די גרויסשטאָדיגע אַרבייטער, וואָס די אַרבייט זייערע איז איינגעטהיילט אין אַ גרויסער מאָס און מוזען זיך פיעל אָנשטרענגען ביי דער אַרבייט.

אין די אַמאָליגע ווירטשאַפטליכע צייטען, און נאָך היינט אויך אין די דערפער און אין די גערטנער און נאָך אַנדערע וואַרשטאַטען, איז געוועזען איינגע־פיהרט אַ פאַסענדע גימנאַסטיק. כדי צו אויסגלייכען די נערוועז די מוסקעלן און די איבריגע גלידער און קער־פער, וועהרענד ביי היינטיגע צייט אין די גרויסע פאַב־ריקען, ווייל די מלאָכות זענען געוואָרען איינגעטהיילט אין בעזונדערע צווייגען, קומט אוים יעדערען אָנצו־שטרענגען צופיעל איינצעלנע בעשטימטע מוסקעלן און גלידער, בשעת די איבריגע מוסקעלן וואָס ווערען נישט בענוצט צו דער אַרבייט ווערען ביסלעכווייז גאָר פערלאָרען: סוף כל סוף קומען אַרויס דערפון: אויס־געקרימטע רוקענס, צוגעדריקטע קנאָכען און איבוועני־ניגסטע פעהלערען. דער מענש ווערט אין גאַנצען אונפעהיג צו אַרבייטען.

בכדי אומקעהרען דעם שאָדען וואָס קומט אַרוים פון דאָס אָנשטרענגען איינצעלנע גלידער, דאַרף מען האָבען אַ געוויסע צייט מנוחה, כדי די אָנגעהאָרעווע־טע מוסקעלן און גלידער זאָלען זיך אויסרוהען און די אַנדערע מוסקעלן און גלידער, וועלכע ווערען נישט בענוצט צו דער אַרבייט זאָלען זיך אין דער דאָזיגער צייט מיט עפּוואָס בעשעפטיגען. אויף אַזאַ אַנ׳אָרט

ווילען די אָנגעמאַטערטע מוסקעלן, קנאָכען און אינווענינגסטע געדערם צוריק קומען אויף זייער אָרט אין דער צייט, ווען די אַנדערע גלידער בעוועגען זיך. צו דעם צוועק ברויך מען קודם כל זיין אויף דער פרייער לופט און בענוצען ספּאָרט־בעוועגונג אין פערשידענע אופנים, ווי למשל: מאַרשירען, אַרויף געהן אויף בערג, שווימען, פאָהרען אויף וועליסאָפּעדען, רודערען מיט שיפלעך אויף טייך, אָדער פאַרנעהמען זיך מיט אַזעלכע שפּילערייען אין וועלכע ס'איז פערהאַן קערפּער־בעוועגונג.

די אַלע אויסגערעכענטע בעוועגונגען ווירקען זעהר גוט אי אויף די פיזישע כחות אי אויף די גייסטיגע פעהיגקייטען. דער ספּאָרט ווירקט זעהר גוט אויף דער בלוט צירקולאַציע און ס'געוואָהנט איין דאָס האַרץ ס'זאָל אַרבּייטען ענערגיש (וואָס דאָס, שפּיעלט אַ גרויסע ראָלע למשל: ביי אַ היץ קראַנקהייט) און דעם אָטהעם זאָל טיף אָטהעמען און דאָס מאַכט שוין אַ גוטע ווירקונג אויף דער לונגען, וועלכע איז עלול (געניגט) צו סוכאָטע, ס'פאַרבעסערט די פערדייאונג און ס'ברענגט צו אַרעגולאַרנעם שלאָף און נאָך פיעלע, פיעלע מעלות. בקצור, דער ספּאָרט ברענגט זעהר נוצען צום אויפהאַלטען די געזונדהייט פון די מענשען, וואָס אַרבּייטען נאָר מיט איינצעלנע אָרגאַנען. אין דייטשלאַנד ווערט בעטראַכט די ראָלע פון ספּאָרט פאַר זעהר אַ וויכטיגע פראַגע: ווייל די דייטשע אַרבּייטער, וואָס זייער בעשעפטיגונג איז נאָר מיט איינצעלנע אָרגאַנען, ליידען גרויסע יסורים צוליעב דער צופיעל אַנשטרענגונג פון די אַרבּייטס־מוסקעלן. אום צו פערהיטען זייער געזונד מוזען זיי אומבעדינגט האָבען צייט צו אויסרוהען און מאַכען ספּאָרט.

אין היינטיגע צייטען האט זיך פיעל פערגרע־
סערט די אנשטרענגונג פון דער ארבייט. צוליעב די
טעכנישע פארשריט און די מאשינען מיט זייער שנעל־
קייט זענען די מענשען גענויטיגט ארויסצוגעבען מעהר
ארבייט ס'זאל שטימען מיט'ן גאנג פון די מאשינען,
אזוי וויט, דאס די היינטיגע ארבייטס־צייט האט גאר
אגאנץ אנדערען ווערט ווי פאר הונדערט יאהר צוריק.
אין אלע גרויסע אינדוסטריעלע לענדער וואקסט אימער
מעהר די ארויסגעגעבענע ארבייטס־פראדוקציאן דוקא
צוליעב דעם, וואס מ'האט פערקירצט די ארבייטס צייט,
מיט 30 יאהר צוריק האט מען געארבייט אין די ווע־
בער פאבריקען לערך 12—13 שעה אין טאג, און אין
יאהר 1890 האט מען פערקירצט אויף 11 שעה, פונ־
דעסטוועגען איז די ארבייטס־פראדוקציאן געווען די
זעלביגע ווי פריהער, וואס אנבעטרעפט אין קוואלי־
טעט (איכות) איז די ארבייט ארוים געקומען נאך בע־
סער ווי פריהער. ענגלאנד, וואו ס'איז איינגעפיהרט
דער צעהן שטונדיגער ארבייטס־טאג און אמע־
ריקע, נאך קירצער, האבען בעוויזען מיט ריכטיגע
פאקטען, דאס נאך אלעמען, אז זיי האבען פערקירצט
דעם ארבייטס טאג און געהעכערט דאס געצאהלט האט
זיך די געשיקטקייט פון דער ארבייט נישט נאר פער־
מינערט, נאר, אים געגענטהייל, ס'האט זיך פערמעהרט
אזוי וויט, דאס ביי היינטיגען טאג קומט ארויס די
ארבייט פיעל ביליגער און בעסער ווי פריהער. אראנק
דער פערקירצונג פון ארבייטס־טאג פיהלען זיך די
ארבייטער פרישער און מונטערער און דעריבער געהט
ביי זיי די ארבייט פיעל געשווינדער ווי פריהער, בשעת
זיי האבען זיך געפיהלט שוואך און מוטהלאז פון צופיעל
ארבייט.

דער דאָקטאָר טרערעסאָ האָט דורך זיינע נאָכ־פאָרשונגען דערגאַנגען, דאָס די מוסקעלן פון די אָרעמס זענען פעהיג צו אַ גרויסע אַנשטרענגונג נאָר אַ קורצע צייט, נאָר דורך וועניג איינאיבונג ווערט דער רעזולטאַט פיעל פערגרעסערט. ער האָט זיך איבער־צייגט, דאָס איין מענש וועלכער איז געווען אים שטאַנ־דיג צום ערשטען מאָל אויפצוהויבען למשל אַ משא פון 35 ביז 40 קילאָגראַם האָט ער זיך איינגעאיבט אין אַ משך פון אַ חודש צייט צו טראָגען אַ משאָ פון דריטהאַלבען מאָל אַזוי פיעל ווי פון אָנפאַנג. דערפון זעהט מען, דאָס דער וואָס אַרבייט מיט מוטה קען אָבטהון פיעל מעהר אַרבייט אין אַ קורצע צייט ווי דער וואָס אַרבייט דעם גאַנצען טאָג אָהן אויפהער און אָהן מוטה.

---

## VI.

## די צושטערונג אין דער געזונדהייט וואָס קומט אַרויס פון צופיעל אַרבייטען.

ווען מיר וועלען בעטראַכטען די פראַגע וועגען דעם שלעכטען רעזולטאַט וואָס קומט אַרויס פון צופיעל אַרבייטען דאַרפען מיר אונטער שיידען צווישען די קראַנקהייטען, וועלכע קומען פלוצלינג און די קראַנקהיי־טען וועלכע קומען ביסלעכווייז.

קודם כל דאַרפען מיר דאָ בעמערקען וועגען די טרויעריגע צופעלע פון דער אונגעוואוינליכער אָבשלאַ־פונג, אונטער וועלכע די אַרבייטער זענען אונטערגע־וואָרפען, מחמת זייער האַרץ ווערט זעהר אָנגעשטרענגט פון צופיעל אַרבייטען.

צום גליק זענען אַ זעלכע צופעלע נישט פיעל פאַר־

האַן, נאָר ס'קען דאָך טרעפען פּיעלע צופּעלע, וואָס דאָס פּובליקום זאָל גאָר נישט וויסען פון זיי. נישט שטענדיג קומט דער טוידט צוגלייך מיט'ן אונגליקס צופאַל; אָפט מאָל געדויערט עטליכע שטונדען אָדער זאָגאַר עטלי־כע טעג, (ד"ה דער מענש מוטשעט זיך נאָך פאַר'ן טויט), דעריבער איז כמעט נישט קענטיג, דאָס די סבה פון דעם טוידט איז געקומען פון אַ צושוערער אַרבייט. די ענגלישע צייטונג "The Sun„ האָט געבראַכט אַ ידיעה פון לאָנדאָן אין יאָהר 1894 דעם 24־טען סעפּ־טעמבער וועגען אַ יונגען בעקער, וועלכער האָט געהאָ־רעוועט ביי דער באַק דייזשע איין און צוואַנציג שעה נאָכאַנאַנד ביז ער איז געפאַלען טוידט אויפ'ן אָרט. מאַרקס דערצעהלט פון אַ מאָדיסטקע, וועלכע, צו־זאַמען מיט נאָך 60 מיידלעך, האָט געאַרבייט 26 $^1/_2$ שעה כסדר, זיי זענען געזעסען צו 30 אין איין צימער, אין וועלכען ס'האָט זיך געפונען קוים אַ דריטעל פון די נויטיגע לופט, וועלכע די היגיענע פאָדערט, די דאָ־זיגע מאָדיסטקע איז אַראָב געפאַלען פון בענקעל און איז געשטאָרבען גאָר פשוט פון צופּיעל האָראָוואַניע.

צו די פּלוצלינגע קראַנקהייטען, וועלכע קומען פאָר אין דער אינדוסטריע בכלל רעכענען זיך אויך די אונגליקס־צופּעלע וועלכע, טרעפען ביי פאַך אַרבייטער אין די פאַבריקען און די זאַוואָדען וואו די אַרבייט גע־דויערט זעהר לאַנג, ווי צב"ש: אין די מיהלען, ביער ברויערייען, ציגעלנעס אויך ביי די גרויסע האַנדעלס פאַרטען טרעפען זעהר אָפט אין פּיעלער מאַסען איינס און דאָס זעלבע אונגליקס צופּעלע, אין דער צייט פון אויסלאַדעווען אָדער איינלאַדעווען די שיפען, וואו די אַרבייט געדויערט ביז 36 שעה נאָכאַנאַנד. וועגען דעם צוזאַמענהאַנג פון די אונגליקס־צופּעלע מיט דער

לאַנג דויערנדע אַרבייט בעוויזט אונז אַם בעסטען די סטאַטיסטיקע, וועלכע איז צוזאַמענגענומען פון דער רייכס=פערזיכערונג געזעלשאַפט. די צופעלע זענען געוואָרען איינגעטהיילט נאָך די שעות פון טאָג. די דאָזיגע סטאַטיסטיקע האָט בעוויזען, דאָס אין יאָהר 1887 זענען געווען די צופעלע אין די לעצטע דריי פאָרמיטאָגדיגע שטונדען צוויי מאָל אַזוי פיעל ווי אין די ערשטע דריי שטונדען, און די נאָכמיטאָגדיגע שטונדען איז אַם מעהרסטען אויסגעפאַלען אין די לעצטע שטונדען, צווישען 5—6 אַזייגער. אין דעם וועבער פאַך איז די גרעסטע צאָהל פון די אונגליקס צופעלע מייסטען שבת אין די נאָכמיטאָגדיגע שטונדען צווישען 6—3, עס דערגרייכט זאָגאַר פון 60—94%. די דורכשניטליכע ציפערען פון דער סטאַטיסטיקע אין יאָהר 1897 בעשטעטיגען נאָך אין א פיעל גרעסערע מאָס די דאָזיגע איבערצייגונג ווי פון יאָהר 1887. אָנ'נעהמענדיג, דאָס אין אַלע 3 שטונדען אין משך פון אַ גאַנץ יאָהר פאַלט אויס איין צופאַל, וועל מיר בעקומען די פאָלגענדע ציפערן.

אין די פאָרמיטאָגדיגע שטונדען פון 6 ביז 9 צו 1'0
" " " " " 9 — 12 " 2'36
אין די נאָכמיטאָגדיגע שטונדען " 12 — 3 " 1'02
" " " " " 3 — 6 " 2'11
שבת נאָך מיטאָג " " " 3 — 6 " 2'76
בלויז פון דער וועבער פאַך
שבת נאָך מיטאָג. " " 3 — 6 " 4'84

דער פאַרמאַטערטער אַרבייטער האָט גאָרנישט בדעה דאָס ער ברויך זיין פאָרזיכטיג ביי דער אַרבייט, זיין קערפער מיט זיין גייסט ווערען ווי איין צוזאַמענגעגאָסענע שווערע לאַסט, ער ווערט אונפעהיג און גלייכגילטיג צו יעדער געפאַהר. „די אינדוסטריע—זאָגט באָרגהט—

לויט די דאָזיגע בערעכענטע ציפערן מוז ציהען איהרע נוצען דורך אַ גרויסע צאָהל אונגליקס צופעלע", דערצו קענען מיר צוגעבען: דאָס די אַ־בייטער ערוועֶרבען זייערע נוצען בעצאָהלענדיג מיט זייער געזונד און לעבען.

## VII.

## די לאַנגזאַמע אָבשוואַכונג.

צו דעם וואָס מיר האָבען גערעדט פון די אונגליקס צופעלע וועלכע טרעפען אין די פאַבריקען, קען מען אויך צורעכענען די קראַנקהייטען פון פערשיעדענע פאַך אַרבייטער, וואָס קומען אַרויס נישט מיט אַמאָל נאָר זיי ענטוויקלען זיך ביסלעכווייז - קודם כל:

די פערגיפטונג פון אַ פאַך אַרבייט.

וואָס מעהר ס'דויערט די בעשעפטיגונג מיט די גיפטיגע מאַטעריאַלען וואַקסט אַלץ מעהר די סכנה פון דער קראַנקהייט, ווייל די גיפט ווירקט וואָס ווייטער מעהר אויפ'ן אָרגאַניזים, די הויפט סבה דערפון איז, וואָס די אַרבייטער געוואָהנען זיך מיט זייער פאַך און פערגעסען דערביי, דאָס זיי האָבען צו טהון מיט גיפטיגע זאַכען און ווערענדיג ערמידעט פון פיעל אַרבייטען פערנאַכלעסיגען זיי די פאָרזיכטיקייט. צו די גיפטיגע מאַטעריאַלען געהערען די פאָלגענדע: קוועקזילבער, בליי, צינק, פאָספאָר, אַרשעניק, כראָם אויך שוועפעל־קויהלען שטאָף וואָס ס'ווערט בענוצט ביי די אויסאַרבייטונג פון גומענע זאַכען, און מאַטעריאַלען וועלכע ווערען בענוצט אין פאַרביאַרנעס ווי צב"ש: אַנילין אז"וו, פערשיעדענע זויער־שטאָפען, למשל: שוועפעל זויערע, זאַלץ זויערע אַז"וו, וועלכע ווערען אין פיעלער מאַסען בענוצט אין מעטאַל אויסאַרבייטונג, גאַלוואַניזירונג אד"ג. די דאָזיגע מאַטער, יאַלען עסען זיך איין אין גוף, און ווירקען שלעכט אויף

די אָטהעם אָרגאַנען. צווישען די דאָזיגע גיפּטען איז פֿאַרהאַן אַזעלכע שעדליכע, וואָס אַפּילו אַכט שעה׳דיגע טאָג: אַרבייט וואָלט געווען צופֿיעל. כדי צו ניצול ווערען פֿון אַקראַנקייט ברויך מען אין אַגאַנץ קורצער צייט אומבייטען די געפֿעהרליכע אַרבייט. פֿאַר אַזעלכע אונגעוועהנליכע געפֿעהרליכע בעשעפֿטיגונג פֿאָדערען די פֿאַבריטשנע אינספּעקטאָרען (ווי צב״ש: די בעשעפֿטיגונג מיט שוועפֿעל־קויהלען שטאָף) זאָל נישט מעהר זיין די אַרבייטס צייט פֿון 2 — $1^1/_2$ שעה אין טאָג.

ווי וויט ס׳האָט געהאָלפֿען די אַרבייטס צייט פֿערקירצונג צו פֿערמינדערען פֿערגיפֿטונג פֿון פֿאַך מלאָכות קענען מיר זעהען, למשל, ביי פֿערגיפֿטונג פֿון קוועקזילבער.

די דאָזיגע שרעקליכע קראַנקייט איז געווען פֿריהער אַזוי פֿיעל פֿאַרברייטעט אין בייערען און נאָך אין אייניגע ערטער, דאָס ביז 80°/₀ אַרבייטער וועלכע האָבען געאַרבייטעט אין שפּיגעל פֿראַבקיען זענען קראַנק געווען אויף דעם, איבערהויפּט אין די ערטער וואו די בעדעקונג פֿון די שפּיגלען איז געמאַכט געוואָרען אויפ׳ן היימישען אַרט, ד״ה: וואו די אַרבייטער האָבען זיך שטענדיג געפֿונען אין דער קוועקזילבער־אַטמאָספֿערע; אין דעם זעלבען צימער געאַרבייט, געגעסען, געשלאָפֿען און דערצו נאָך עקספּלאָאַטירט געוואָרען פֿון די מייסטער—די פֿערמיטלער.—אין די אַכטציגער יאָהרען איז די פֿערגיפֿטונג פֿון קוועקזילבער פּלוצליגנג וועניגער געוואָרען. אין יאָהר 1885 זענען נאָך בערעכענט געוואָרען 4074 אַרבייטער וועלכע זענען בעפֿרייטגעוואָהרען צוליעב דער קראַנקייט, אין יאָהר 1889 נאָר 1003, אין 1890 נישט מעהר ווי 148

און פון ערשטען מאי 1890 האט מען שוין בכלל נישט בעמערקט אפילו איין איינציגען צופאל פון דער דאזיגער קראנקייט. וואס פאר אמיטל האט מען אנגענומען צו פארטרייבען די מוראדיגע ראנקייט? ראשית, האבען דאס רוב פאבריקען אנגעהויבען, אנשטאט קוועקזילבער, צו בערע.. די שפיגלען מיט זילבער. נאכאלעמען האבען א געוויס ר . הייי פאבריקען נאך אלץ בענוצט קוועקזילבער, וואהרשיינליך, וועניגער ווי פריהער נאר די ערגערע ווארשטאטען האבען גאר נישט אנגעהויבען צו בענוצען די בערע־קונג מיט זילבער, צוליעב דעם וויל ס׳ אסט טהייער, און פונדעסטוועגען האט ביי זיי אויך נישט מעהר גע־טראפען קיין פערגיפטונגס צופאל. וואס איז געווען די אורזאך דערפון? דער תירוץ איז, וויל פון יאהר 1889 האט מען ארויסגעגעבען נייע געזעצען וועגען היגיענע, אגב אורחא האט מען שוין אבגעשאפט דעם סיסטעם פון די מייסטער—די פערמיטלער—מיט זיין לאנגער ארבייטס צייט, מיט דער שלעכטער בעלויה־נונג. אין אלע שפיגעל־פאבריקען האט מען בעשטימט די טעגליכע ארבייטס צייט ביז 8 שעה אין ווינטער, און זומער נישט מעהר ווי ביז 6 שעה. אויף אזא אנ׳אופן האט די אכטשעה׳דיגע טאג ארבייט בזייטיגט די פערגיפטונג פון קוועקזילבער.

נאך איין ביישפיעל: ביי היינטיגען טאג קומט מיר אויס צו קורירען אנ׳ארבייטערקע פון אבעוואוסטע מעטאל פאבריק אין בערלין. איהר בעשעפטיגונג בעשטעהט אין ארייגלייגען צינק אין שוועפעל זויערע און נאכדעם צו פאלירען דאס מיט וועגאכטס (טרא־טישינעס). געוועהנליך געדויערט איהר ארבייט פון 4—7, און האלבע שעה פויזע אויף מיטאג, נאר פון

חדש דעצעמבר ווערט פערלענגערט די ארבייט, ד״ה מ׳ארבייט פון 6—7 שעה אין טאג און אויך נישט מעהר ווי אהאלבע שעה פויז; אויף מיטאג. אם ענדע דעצעמבער איז זי קראנק געווארען אויף בלוט ארימ־קייט, זי האט זיך געפיהלט זעהר שוואך, האט בעקוי־מען א מישונג אין קאפ, אצימערונג אין די גלידער. איצט, נאך 3 חדשים׳דיגע ארבייט, ארבייטענדיג צו $10^1/_2$ כסדר דערקענט מע שוין גענויע שפורען פון בליי פערגיפטונג; ווייל געוועהנליך איז די צינק פערמישט מיט בלי, ווערענד אין פאריגע יאהר בשעת זי האט זיך בעשעפטיגט ביי דער זעלביגער ארבייט נישט מעהר ווי $8^1/_2$ שעה איז זי געוועו פאל־קאם געזונד.

---

VIII.

## שלעכטע לופט.

צו די פערגיפטונג פון פאך ארבייט קען מען רכענען אויך איין אבשלאפונג וואס קומט ארויס פון ארבייטען אין צוגעשלאסענע צימערען וועלכע זענען אנגעפיהלט מיט שלעכטע לופט, ד״ה: אין וועלכע ס׳איז פארהאן אזעלכע מיני גאזען וואס זענען גיפטיג אדער—פיעל אויסגעאטהעמטע לופט, ד״ה: קויהלענ־זויערע אז״וו. ווען מ׳לאזט אריין א בהמה אדער א חיה אין א צוגעשלאסענעם רוים וואס איז אנגעפילט מיט קויהלענזויערע הויבט עס זיך אן צו ווארגען דעם־גלייכען אנ׳אנגעצונדענע ליכט לעשט זיך אויס כהרף עין אין אזא לופט. ליידער טרעפט פיעל מאל, דאס אויך מענשען קומען אום פון דעם דאזיגען אויסגעאט־

טהעמטען לופט, ווי צב״ש: אין מעטאל גריבער, אדער אין שאכטען, גערבעריי, מא״ה ־ר הא־ בען פיעל ארבייטער גישט זעלטען גיפונען דעם טויט. אויך איז בעוואוסט דאס אויף ד שיפען זענען פיעלע, פיעלע מענשען ראנק געווארען אדער אר געשטאר־ בען צוליעב דעם וואס איז געווארען א ים שטורעם און מ׳האט נישט געקענט עפענען א לאנגע צייט איין לופט־ לאך אין דעם שיף דעק, דאמאלס האבען זיך הונ־ דערטער אומגליקליכע ארבייטער אזוי לאנג געמוטשעט ביז זיי זענען אלע אויסגעשטארבען פון זייער אייגענע אויסגעאטהעמטע לופט. דאס גלייכען טרעפט אין טהעאטערען אדער פובליטשנע זאלען אז״וו, וועלכע זענען נישט איינגעארבענט מיט גוטע ווענטעלאטארען, בעת ס׳קלייבט זיך צוזאמען א גרויסער עולם, דאמאלס קלייבט זיך אן פיעל קויהלענזויערע, דערפון קומט ארויס קאפף שמערצען, איבעלקייט אהנמאכט אד״ג. פון דאקטאר פעטענקאפער׳ס צייט האבען מיר יעצט די מעגליכקייט צו בערעכענען גענוי די מאס און וואג קויהלענזויערע וואס מענשען הויכען אויס פון זיך אין יעדער צייט: יעדער מענש אטהעמט אויס אין דער רוהע צייט 20 ליטער קויהלענזויער אין איין שעה, און אין דער ארבייטס צייט אטהעמט אויס ער צוויי מאל אזוי פיעל, בכן קומט אויס, דאס יעדער ארביי־ טער אטהעמט אויס אין פערלויף פון זיין 10 שעה׳־ דיגער ארבייט לערך 350—400 ליטער קויהלענזויערע. דערצו דארף מען צורעכענען די קויהלענזויערע וואס קומט ארויס פון בעלייכטונג, למשל: איין פלאם פון א גאז בעלייכטונג גיט ארויס קויהלענזויערע 4 מאל אזוי פיעל וויפעל א מענש. פון דעם אלעם איז לייכט

צו פערשטעהן, דאס מיט יעדער שעה מעהר ארבייט ווערט די לופט אלץ מעהר פערדארבע, און דאמיט פארערגערען זיך אלץ מעהר די געזונדהייטס בעדינ-גונגען פאר דעם ארבייטער. דערצו קענען מיר נאך מוסיף זיין די אומרייניגע לופט וואס ס'איז פארהאן געוועהנליך אין א פאבריק ווי למשל: צוליעב שלעכט געבויטע אויבענס, צוליעב די דאמפפען וואס געהן ארויס פון די מענשליכע הויט, פון די נאסע שמוציגע קליידער און די איבעלע גאזע פון די קישקעס, צו-ליעב די שלעכטע ריחות וואס קומען ארויס פון געוויס מיטלען ווי צ"ב: פון רויכערען טאבאק אדער פון שפיריטעס געטרענקע. ענדליך צוליעב די מאטעריאלען וועלכע ווערען אויסגעארבייט (למשל: אין גום אייזען, פעמישע פאבריקען, און דרוקארניעס, סושארניעס או"וו), דערצו גיבט עס נאך אפט מאל פיעל וויל-גאטש און הויכע טעמפעראטור. ווען מיר וועלען דאס אלץ גענוי בעטראכטען וועלען מיר לייכט פערשטעהען ווי ווייט שלעכט ס'ווירקען די דאזיגע בעדינגונגען אויף דער אטהעמונג און בלוט בעשאפונג און וואס פאר א גרויסער אונטערשיעד ס'איז צו דער ארבייטער ברויך זיין 8 שעה אדער 10 שעה אין אזא אויר וואס איז פול מיט פארע און גאזען וועלכע זענען שעדליך צו דער אטהעמונג. נאר ביי א קורצע ארבייטס צייט זענען די ארבייטער אים שטאנד צוריק אויסאטהעמען די שעדליכע לופט טהיילען און אנשעפען די נויטיגע מאס פרישע זויערשטאף, זייענדיג אין בעוועגונג אויף פריש-ער לופט און ספארט, נאר מיט אזא אופן קענען זיי זיך פערהיטען פון פערשידענע קראנקהייטען בפרט פון סוכאטע. אגב בעת די וואר שטאטען שטעהן אלענ-

נערע צייט אָן בעשעפטיגונג איז דענסטמאָל מעגליך*) צו לאָזען אויסלופטערען די ארבייטס צימערען און גוט אויסרייבען מיט נאַס טיכער דעם גאַנצען שמוץ, כדי ווען די ארבייטער ומען אין פריה מאָרגען זאָלען זיי געפינען אַ בעסערע לופט ווי נעכטען.

---

IX.

## דער שטויב.

עס גיבט פערשידענע פאַך מלאָכות, וואָס אין דער צייט פון דער אַרבייט ווערט בעשאַפען אַ גרויסער שטויב. פאַר די דאָזיגע אַרבייטער ווערט די סכנה פיעל פערגרעסערט ווען זיי בעשעפטיגען זיך מיט זייער שטויביגער מלאָכה צופיעל שעה'ען אין טאָג. די אומריינע לופט און די איינאָטהעמונג פון שטויב דאָס זענען די הויפט פערמיטלער וועלכע ברענגען זעהר פיעלע אַרבייטע צו אַ לונגען פעהלער, בעזונדער, ווי מ'רופט עס אָן: פראָלעטאַריאַט קראַנקהייט — לונגען שווינדזוכט. — אין דעם נעהמען אַנ'אַנטהייל: די פאַר=

---

*) אַנמערקונג: אום צו לופטערען אין דער צייט פון דער אַרבייט, ד"ה: אַרויס צו לאָזען די אויסגענוצטע לופט און אַריינלאָזען פרישע לופט איז מאַנכע מאָל נישט מעגליך צוליעב די שולד פון אַרבייטער גופא. פיעלע פאַבריקאַנטען האָבען זיך געסטאַרעט איינצופיהרען אין ווערקשטעלען די נויטיגע לופט ווענטילאַציע, ווילען אָבער די אַרבייטער דאָס נישט ליידען אַם מעהרסטען זענען דערווידער די אַרבייטערינען (דער יאָהרליכער בעריכט פון די פריסישע פאַבריקס אינספעקטאָרען אין יאָהר 1900).

טריקענטע בלאָטען, וואָס ווערט רייניגן פון פעט פון גאַס, די סאַרזעם פון די גאַז פלאַמען, פון אָפענע אויבענס אד"ג. איבערהויפּט זענען געפעהרליך די אומריינע פראָדוקט וואָס מ'געפינט אין זיי באַקטעריען, וועלכע קומען אַרויס פון פאַרטריקענטע שפּייעכץ און פלעגמע, אויך פון אַ שאַרפען שטעכער נגען עטיב וואָס ס'געהט אַרויס פון די אַרבייטס מאַטעריאַלען, דעריבער איז אין די ווערקשטעלען וועלכע ווערען נישט גוט געלופטערט און געריינעגט, וואו עס אַרבייטען פיעל מענשען צוזאַמען און מ'שטעלט דאָרט נישט קיין שפּיי-קעסטלעך, איז גאָר אונפערמיידליך ס'זאָל פון דעם נישט אַרויסקומען אַ קאַטהאַר אויף די לונגען אד"ג, און וואָס לענגער איין אַרבייטער האַלט זיך אויף אין אַזעטיגע ערטער איז ער אַלץ מעהר עלול צו דער דאָזיגער קראַנקהייט. ווער ס'האָט נאָר איינמאָל אַ בליק געטהון אויף די שלייפעריי מיט זאַמד, וואו די גלעזערנע פלאַטען ווערען געגלעט און פאָלירט מיט טרוקענעם זאַמד, ווער ס'האָט געזעהען די געדיכטע חמאַרע פון די קליינינטשקע, שטעכעדיגע, פינטעלעך גלאָז און זאַמד שטויב, דעם איז שווער צו גלויבען ווי אַזוי מענשען קענען זיך געפינען אין אַזא חושכדיגען רוים גאַנצענע שטונדען.

אמת טאַקי, אונזער אָרגאַניזם איז איינגעאָרדענט מיט אַזעלכע פאַנצער'ן וועלכע פאַרהיטען, דאָס דער שטויב זאָל נישט צוקומען צו דער לונגען. דאָס זענען די פייכטע קאַמערלעך און די גריבלעך פון אונזער נאָז און מויל אויך די האָריגע קאַמערלעך וועלכע זענען פערשפּרייט מיט אַ שלאַם הייטעלע ביי די אָטהעמס רעהרלעך, דעריבער איז, די אַרבייטער וואָס אַרבייטען ביי טאָג אין שטויב וואַרפען זיי אַרויס מיט

דער הילף פון נאָז רייניגונג און אויס-הוסטען אַ גאַנצע מענגע איינגעשלונגענע שמוץ און שטויב. נאָר מ'דאַרף וויסען, דאָס דער דאָזיגער שוץ מיטעל קען העלפען ביז אַ געוויסען גרענעץ. ביים אָנפאַנג אַרבייט ווירקט עס אויסגעצייכענט. נאָר וואָס מעהר שטויב ס'קלויבט זיך אָן ווירקט עס אַלץ שוואַכער, אַז דער נאָז ווערט אָנגעפילט מיט אַזוי פיעל שטויב, דאָס ס'קען שוין נישט דורכגעהן דורך איהם דער לופט שטראָם איז דער אַרבייטער דאַן געצוואונגען צו עפענען דעם מויל כדי צו אָטהעמען, און דאַמאָלס דרינגט שוין אַריין דער שטויב פראַנק און פריי אין די דינסטע אָטהעמעס רעהרלעך, פון שעה צו שעה פערגרעסערט זיך דער שלעכטער רעזולטאַט צוליעבען „שטויב, בעזונדערס, וואו דער שטויב געהט אַרויס פון מינעראַלישע און מעטאַלענע חלקים (צב"ש: ביי שטיינהאַקער, שלייפער, פאָלירער, פיילער אז"וו), אָדער שאַרפע האָר פון אָרגאַנישע קערפער (ווי צב"ש: חזיר האָר פעדער־רען פוטערוואַרג באַוועל אז"וו), דערפון קומט אַרויס אַנ'אויפרייצונג און געשווילעכטס אין די לופט רעהרען און אין לונגען, ענדליך ברענגט עס צו סוכאָטע.

---

X.

## די פאָזע פון פאַך אַרבײַטער.

די פאַרקירצונג פון דער אַרבײַטס צײַט האָט זעהר אַגרויסען ווערטה און די אַלע פאַך מלאָכות, וועלכע פאָדערען אַ ספּעציעלע פאָזע פון קערפּער אין משך פון דער גאַנצער אַרבײַטס צײַט. אין יעדער בעשעפ־טיגונג, וואו דער אַרבײַטער מוז שטעהן כסדר אַלאַנגע צײַט אויף די פיס, ערשײַנט דערפון אַשווערקײַט אין די בלוט צירקולאַציע פון זײַנע פיס און אַ ענטצינדונג אין די אָדערען, ענדליך מאַכען זיך געשווירען אויפ׳ן שינבײַן, און נאָך אַלער מיהע פון דאָקטוירים דאָס אויסצוהײַלען, בעגײַט זיך דאָס אימער ווידער אויף. סוף כל סוף ווערט דער אַרבײַטער אונפעהיג צו זײַן פאַך. ווען עס האַנדעלט זיך בלויז אום יונגע אַרבײַטער, וואָס זײַער קערפּער איז נאָך גענוג פעסט, איז צוליעב דעם וואָס זיי שטעהן אַלאַנגע צײַט אויף זײַערע פיס, בעזונדער ווען זיי שלעפּען גרויסע משאות, פאַרלירען זײַערע פיס די געוועהנליכע פאָרם, די פיס טריט ווערען צופלאַטשטעט, בילדען זיך אין פאָרם פון דער ליטערע : X. אַזעלכע פיס רופט מען : „בעקערשע פיס״; ווײַל דאָס רוב בילדען זיך אַזעלכע פיס בײַ די יונגע בעקער. דער רוקען ווערט אויסגעקרימט, ווי למשל : דער הויקער בײַ די מילנער, אָדער די פערשמעלונג פון הינטערשטען טהײל בײַ די אַרבײַ־טערינען אז״וו.

די אַרבײַטער וועלכע מוזען זיצען אַלאַנגע צײַט אויף איין אָרט, קענען זײַערע ברוסט־צעלען (קלאַטקעס) זיך נישט אויסברײַטען, אויך קומט דערפון אַרויס :

מאָגען-קראַנקהײַט, זײַ לײַדען אימער אויף עצירות, פערדײַען שלעכט דאָס עסען, ס'מאַכט אַצוריײַצונג אין די געבורט אברים, בעזונדער לײַדען אויפדעם פרויען, אויך צוליעב דעם, וואָס זײַער בעשעפטיגונג איז שטענדיג אין אַ זיצענדער פאָזע, אָטהעמען זײַ ווענינ. דעריבער גיבט עס זעהר פיעל לײַדענדע אויף לונגען שווינדזוכט: צווישען שנײַדער, נויטערקעס, האַפּ-טערקעס בכלל בײַ די וואָס בעשעפטיגען זיך מיט אַ הײַזליכע אַרבײַט, איבערהויפּט דאָרט וואו ס'קומט פאָר די צווײַ בעדינגונגען: ד"ה: אַרבײַטען איבער דער מאָס אין אַזיצענדער פאָזע.

אין די ערטער וואו די אַרבײַט ווערט געמאַכט בלויז מיט אײַנצעלנע מוסקעלן אָדער גלידער (צב"ש: שרײַבער, טעלעגראַפּיסטען, פּיאַניסטען, זעצער; גראַווירער, ציגאַרען מאַכער אַז"וו) איז ווען זײַ בע-שעפטיגען זיך אַלאַנגע צײַט איבער דער מאָס, בע-קומען זײַ שרעקליכע ספּאַזמען אין די אָנגעשטרענגטע מוסקעלן פון די הענד און אָרעמס אַזוי ווײַט, דאָס זײַ מוזען אומבײַטען זײַער פאַך.

פון צופיעל אָנשטרענגען די אויגען; קוקענדיג אַלאַנגע צײַט אין דער נאָהענט, ענטוויקלען זיך: בײַ די גראַווירער, יובעלירער, האַפּטערקעס, אד"ג אַנ-אויגען שוואַכקײַט, קורצזיכטיגקײַט אז"וו.

אום זיך צו פאַרהיטען פון די אַלע אויבענדער-מאָהנטע קראַנקײַטען ברויך מען נויטיג בעשטימען אַ נאָרמאַלע אַרבײַטס צײַט פאַר די וואָס אַרבײַטען מיט אַ אונ'נאַטירליכער קערפּער-פאָזע, כדי די אָנגעשטרענ-גטע מוסקעלן און אברים זאָלען זיך גוט אויסרוהען, און אין דער צײַט פון דער רוהע זאָלען זיך די אַנדע-רע אברים און מוסקעלן, וועלכע נעהמען נישט קײַן

אַנטהײַל אין זײַן פֿאַך אַרבײַט, מיט וואָס ס׳איז בעֶ־שעֶפֿטיגעֶן, למשל: מיט גימנאַסטיקעֶ אד״ג.

וואָס מעֶהר שעֶדליכֿעֶ אײַנפֿליסעֶ ס׳גיבט אין אײַנעֶר פֿאַך אַרבײַט איז אַלץ מעֶהר נויטיגעֶר צו פֿאַר־קירצעֶן די אַרבײַטס צײַט, כדי דעֶר אַרבײַטעֶר זאָל זיך גוט אויסרוהעֶן. אײַגעֶנטליך, לײַדעֶן כמעט אַלעֶ ווערקשטעֶלעֶן פֿון שעֶדליכֿעֶ אײַנפֿליסעֶ אויפ׳ן געֶזונד. למשל: אַזעֶצעֶר, לא די וואָס עֶר האָט צו טהון מיט דעֶם גיפֿטיגעֶן בלײַ און זעֶהר אָנשטרעֶנגעֶן זײַנעֶ אויגעֶן, דאַרף עֶר נאָך שטעֶהן אַלאַנגעֶ צײַט און אײַנאָטהעֶמעֶן שלעֶכֿטעֶ לופֿט, דאָס רוב בײַ אַשלעֶכֿטעֶר בעֶלײַכֿטונג או״וו.

---

## XI.

## די איבעֶריגעֶ שעֶדליכֿעֶ אײַנפֿליסעֶ וואָס קומעֶן אַרויס פֿון צו פֿיעֶל אַרבײַטעֶן.

אויסעֶר די קראַנקהײַטעֶן וועֶלכֿעֶ קומעֶן גלײַך אַרויס פֿון צו פֿיעל אַרבײַטעֶן, וועֶלעֶן מיר דאָ בעֶמעֶר־קעֶן אײניגעֶ שעֶדליכֿקײַט וועֶלכֿעֶ ס׳קומען צוליעב דעֶם, מן הצד.

קודם כל איז דעֶר שלעֶכֿטעֶר רעֶזולטאַט פֿון דעֶם טרינקעֶן אַלקאָהאָל, און דאָס האָט טאַקי אַגרוי־סעֶ שייכֿות מיט אַלאַנג געֶדויעֶרנדעֶ אַרבײַט. דעֶר מעֶנש וואָס אַרבײַט איבעֶר זײַנעֶ קרעֶפֿטעֶן, סטאַרעֶט זיך זײַן קאָפּף צו פֿאַרדולעֶן מיט אַגלעֶזעֶלעֶ שנאַפּס; עֶר שמועֶסט זיך אײַן, דאָס עֶר מוז טרינקעֶן כדי צו אָנשעֶפּעֶן קרעֶפֿטעֶן אָדעֶר אויסשוועֶנקעֶן דעֶם האַלז

פֿון שטויב אד"ג. אָבער אין אֶמת'ן קומט אַרויס דער־
פֿון אַ הפך, ער פֿאַרדאַרבט נאָר דערמיט זיין גוף מיט
זיין נשמה. אַנשטאַט ער זאָל זיך אויסרוהען און אויס־
שלאָפֿען, בעזוכט ער אַלץ אָפֿטער די טראַקטירען און
שענקען וועלכע זענען פֿול מיט רויך און גערויש,
אַנשטאַט ער זאָל קעמפּפֿען אום בעסערע בעדינגונגען
פֿאַר זיין אַרבייטס לויהן בלייבט ער גלייכגילטיג צו
זיין לאַגע. אומעטום, וואו ס'האָט נאָר געגאָלטען צו
פֿאַרקירצען די אַרבייטס צייט האָט מען בעמערקט,
דאָס ביסלעכווייז ווערט אַלץ וועניגער דער פֿערקויף
פֿון אַלקאָהאָל צו וועלכען ס'איז שייך נישט נאָר בראָנ־
פֿען נאָר אויך אַנדערע משקאות, אַפֿילו ביער. ס'איז
דאָ כדאַי צו ערמאָנערען, דאָס אין וויקטאָריע (אין
אויסטראַליע) בעת מ'האָט אַגיטירט פֿאַר איין אַכט
שעה'דיגע טאָג אַרבייט, זענען געווען די גרעסטע געג־
נער פֿון דעם, גראַדע די בעלי־בתים פֿון שענקען און
טראַקטירען.

דורך די פֿאַרקירצונג פֿון טאָג אַרבייט געווינט
דער אַרבייטער פֿרייע צייט, עס ערוועקט זיך ביי איהם
אַ חשק צו בילדונג, צו נעהמען אַ טהייל אין אַלגע־
מיינע שולבילדונג און פֿאַך־בילדונג *). און דורכדעם
הויבט ער אָן צו ליעבען זיין פֿאַך און סטאַרעט זיך
איהם אויסצובעסערען, דאָס גופֿא מאַכט אַגוטע ווירּ־
קונג אויף זיין קערפּער און גייסט.

---

*) אָנמערקונג: איין ענגלישער אַרבייטער האָט גע־
רעדט מיט התלהבות וועגען די גרויסע נוצען וואָס ער האָט
פֿון די 8 שעה'דיגע טאָג אַרבייט. איצט—זאָגט ער—קען איך
אַן'אַנטהייל נעהמען אין דער אָבענד־שולע נישט בערובענדיג
די שעה'ען פֿון מיין שלאָף.

דורך די פֿארקירצונג די ציַיט פֿון טאָג ארבייט, קען דער ארבייטער אָבּעסען רוהיג וועהרענד צוליעב די פֿערלענגערטע טאָג ארבייט מוז ער זיך שטענדיג איילען ביים עסען, וואָס דאָס ברענגט צו אמאָגען־שלאַפֿקייט. צוליעב דער פֿארקירצונג פֿון טאָג ארבייט קען דער ארבייטער וואָהנען אין אגעזונטע וואָהנונג, ער איז נישט געצוואונגען דוקא צו וואָהנען נאָהענט פֿון פֿאבריק, נאָר ער האָט פֿאר זיך אגרעסערען וואהל דירות. ווען ער ארבייטעט אין אגרויסע שטאָדט קען ער זיך אויסוועהלען א דירה אונטערען שטאָדט וואו די וואָהנונגען זענען בעסער, און ער האָט די מעגליכ־קייט (וואָס אין ענגלאנד איז דאָס זעהר פֿיעל איינגע־פֿיהרט) ארום צו קוקען זיין גערטעל, ער לעבט זיך דאָרט רוהיג און אָטהעמט פֿרישע לופֿט, ער געפֿינט ציַיט אַלטונג צוגעבען אויף זיינע קינדער זיי בעסער צו ערציהען. בקצור; ער האלט אויף זיין געזונדהייט און די געזונדהייט פֿון זיין פֿאמיליע.

---

## XII.

## די שעדליכע ווירקונג פֿון צופֿיעל ארבייטען.

מיר האָבען פֿאר זיך א גאנצע רייהע סטאטיס־טיקען וועלכע זענען צונויפֿגעקליבען געוואָרען פֿון פֿערשידענע פֿאך־מלאָכות, די אלע בעווייזען אונז קלאָר און ריכטיג וויפֿיעל אומגליקען ס׳טרעפֿען נאָר צוליעב דעם וואָס מען נויט די ארבייטער צו פֿיעל ארבייטען.

טויזענדער ארבייטער שטארבען אוים אין זייערע

יונגע יאָהרען, אין די יאָהרען וואָס דער מענש דאַרף זיך האַלטען פריש און מונטער, און דאַרף קענען בע־קעמפּפען דעם שווערסטען ווידערשטאַנד, און דאָ פאַלט ער שוין אין דריטען צעהנדליג פון זיינע יאָהרען אַ קרבן פאַר דער אַסטמע־קראַנקהייט און סוכאָטע.

אין די יאָהרען 1848—1888, בשעת אין אַלע לענ־דער איז געוואַקסען די צאָהל פון טוידט־צופעלע דורך סוכאָטע ביז 25%, איז אין דער זעלבער צייט אין ענג־לאַנד, וואו די אַרבייטס צייט איז שוין פערקורצט גע־וואָרען, דאַגעגען, אָבגעפאַלען די צאָהל כמעט אויף 50%. און אין דייטשלאַנד וואַקסט נאָך אימער די צאָהל פון טויט צופעלע פון יאָהר צו יאָהר; טויזענדער געזונ־דע מענשען בלייבען קאַליקעס אויפ'ן גאַנצען לעבען; ווייל דאָ מוזען די אַרבייטער האָרעווען איבער זייערע קרעפטען. דעריבער איז דאָ געוואָרען די אַרבייט אַ קללה פאַר אַ היבשען טהייל פון דער בעפעלקערונג.

קיין איינציגער בעל הבית וועט נישט וועלען, דאָס זיין פערד אָדער זיין אָקס זאָל אַרבייטען מעהר ווי אַכט שעה אָהן אַיין אָפּרוה, ווייל ער האָט מוראָ ס'זאָל חס ושלום נישט שאַדען די געזונדהייט פון דער חיה אָדער בהמה וואָרום דאָ וועט ער דאָך היזק האָבען פון זיין קאַפּיטאַל וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין זיי, דאַגע־גען וואָס עס אַנבעלאַנגט אָן מענשען מעג מען עובר זיין ביז היינטיגען טאָג, אָהן בעשטראָפונג, איבער דער נאַטירליכער גרענעץ פון עקספּלואַטאַציע...

נאָר די היינטיגע אַרבייטער זענען שוין נישט מעהר ווי די אַמאָליגע אונטערגעוואָרפענע שקלאַפען וואָס האָבען ערלויבט צו מאַכען מיט זיך וואָס מ'האָט געוואָלט, וואָס ווייטער מעהר ענטוויקעלט זיך ביי זיי די ערפאַהרונג פון ווירטשאַפטליכער פערהעלטעניס,

זײַ פֿערשטעהען וואָס ווײַטער בעסער, דאָס די אײנ־צעלנע שוואַכע קרעפֿטען, ווען זײַ פֿעראײניגען זיך צו זאַמען ווערט פֿון זײַ אַנ׳אונגעהויערע מאַכט וועלכע איז אום שטאַנדע מנצח צו זײַן אין דעם קאַפּיטאַליזם אין די רעגירונג.

זײַער שטימע דאַרף נאָך אָבער מעהר הילכען ווי ביז הײַנט, זײַ דאַרפֿען זיך נאָך מעהר אָרגאַניזירען כדי צו נויטען די קאַפּיטאַליסטען זײַ זאָלען די אַרבײַטס־צײַט פֿערקירצען. אין דעם ערשטען מאַי ברויך מען אין אַלע אינדוסטריע לענדער מאַניפֿעסטירען נאָך שטאַר־קער די פֿאָדערונג אַוועקשטעלען דאָס רעכט פֿון אַ אַכט שטונדיגע טאָג אַרבײַט, ווײַל די בעשטימונג פֿון דער דאָזיגער פֿאָדערונג וועט נישט נאָר שאַפֿען אַרבײַט פֿאַר טויזענדער מענשען וועלכע געהן אום ליידיג פֿון נויטה, נאָר ס׳וועט אויך ברענגען אַ העכערע ענטוויקע־לונג צו דער טעכניק, אינדוסטריע און קולטור, ס׳וועט גוט ווירקען אויף זײַער געזונדהייט, זײַ וועלען קענען אַכטונג געבען אויף זײַערע קינדער דאָס זײַ זאָ־לען זיך גוט ערציהען. מ׳דאַרף נישט פֿערגעסען, דאָס די זאַך האַנדעלט זיך נישט אום אײנצעלנע מענשען, נאָר עס אַנבעלאַנגט בכלל דער גאַנצער מענשהײַט. ס׳גיבט פֿיעלע מוטער וועלכע זענען געצוואונגען צו אַרבײַטען אין פֿאַבריקען אד״ג, ווען מ׳האַלט זײַ אָפּ לאַנג בײַ דער אַרבײַט זענען זײַ נישט אים שטאַנדע צו ערנעהרען און צו היטען זײַערע פּיצלעך קינדער, צוליעב דעם, שטאַרבען אוים זעהר פֿיעל קלײנע קינ־דער בײַ די אַרבײַטער. בקצור מ׳דאַרף געדענקען, דאָס פֿון צופֿיעל אַרבײַטען קומען אַרוים: נערוועך־שוואַכ־קײַט, קאָפּף־שוואַכקײַט, אַפּאַטיע, אַלקאָהאָליזים, אויך קומט אַרוים דערפֿון קינדער־לאָזיגקײַט (בעזונדערע

דער צײַט וואָס דער בערימטער דײַטשישער דאָקטאָר הופעלאַנד האָט צום ערשטען מאָל בעקאַנט געמאַכט די דאָזיגע פאָדערונג:

8 שעה אַרבײַט.

8 שעה רוהע צײַט.

8 שעה שלאָפען.

צוליעב דער ריכטיגער אײַנשטימונג וועלכע איז צווישען דער לעהרע און אַרבײַטער מוז דער דאָזיגער רעזולטאַט דערגרייכט ווערען.



און אויסנעוואקסענע קינדער זענען שוואכע ליידענדע. ענדליך, בּיסלעכווייז ווערט אַ גאַנצער דור פון אונפע־היגע מענשען.

דער קאַמפּף וועגען פערקירצונג די אַרבּייטס צייט איז אין פילען זינען פון אויסדרוק אַ „קאַמפּף" לטובת הכלל, דאָס איז דער ציעל צו פערהיטען די געזונדהייט און קראַפט פון פאָלק.

אין דעם דאָזיגען קאַמפּף מעגען די אַרבּייטער זיין זיכער און אָנפערטרויט אין אונטערשטיצונג פון אַלע אונטערסאַנטע דאָקטוירים און היגיעניסטען. אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלען היגיענישען קאָנגרעס וועלכער איז געווען אין יאָהר 1894 איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג די פאָלגענדע רעזאָלוציע:

היות ווי מ׳האָט זיך שוין גוט איבּערצייגט אים גליקליכען רעזולטאַט פון די אַלע ערטער וואו מ׳האָט בּיסלעכווייז פערקירצט די אַרבּייטס צייט, אויך בּע־טראַכטענדיג די שעדליכקייט — פון דער היגיעני־שער זייט — פון די נאַכט אַרבּייט, זאָגט אַרויס דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס וועלכער איז געווידמעט פאַר דער היגיענע און דעמאָגראַפיע, דאָס מען מוז איינפיהרען איין אַכט שעה׳דיגע טאָג אַרבּייט און מבטל זיין די נאַכט אַרבּייט. דעריבּער ווענדעט ער זיך צו די געזעצגעבּער און רעגירונגען פון אַלע לענדער, — שטיצענדיג זיך אויף די יסודות פון דער נייער ציוויליזאַציע — מיט דער פאָדערונג זיי זאָלען אָנהויבּען בּיסלעכווייז איינצופיהרען אַכט שעה׳דיגע טאָג אַרבּייט און פערבּיטען די נאַכט אַרבּייט אין אַלע פאַבּריקען, מיט אַ אויסנאַהם אין די דאָזיגע פאַבּריקען וואו ס׳איז נויטיג פון אַלגעמיינעם ווירטשאַפטליכען פונקט.

ס׳איז שוין כמעט פאָראיבּער הונדער יאָהר פון